דער

# מעדאליאן

פארס אין 1 אקט.

פריי בעארבייט

דורך ז. זילבערצווייג.



פעטריקאוו.

געזעצט ביי ב. ליבעסקינד. פעטריקאוו.

# פערזאָנען:

מאַריץ שטיין.

ראָזא, זיין טאָכטער.

פעליקס ברוים.

הענריק בלום.

רעדער, שטיינ׳ס דינער, א טויבער.

די האַנדלונג קוממט פאָר אויף א זוממער-וואוינונג. א גאָרטען-צימער מיט א מיטעל-טיר.

---

## בעמערקונג פאַר די שוישפּילער:

מאַריץ שטיין—א גרויסער הערר, אין מיטען קאָפּ א פּליך. אביסעל עובר ובטל׳דיג.

הענריק בלום—א דאַרער, אויסגעצויגענער בחור מיט א מאָנאָקל.

רעדער—געוויסערמאַסען קאַריקאַטוריביש, דער גאַנצער איינאַקטער מוז געשפּילט ווערען אין אשנעלען טעמפּא און אביסעל געטריבען ווערען אין שטרויש.

---

## 1 טער אויפטריט.

שטיין זיצט ביים טיש, ארום איהם בלום און ברוים.

שטיין: טרינקט, מיינע הערען, טרינקט! אפשר שמעקט איייך נישט דער וויין? ס׳ איז אבער עכטער שאמפאניער. אך, וואס פאר א שעהנעם טאג מיר האבען הײנט דא אויף דער זומער־וואהנונג! יא, אשאר וואס מיין טאכטערס געבורטס־טאג איז נאר איין מאל אין׳ם יאהר. מיר מוזען איהם מאקע גוט אויסניצען. טרינקט מיינע הערען! (גיסט אן פאר וויין)

בלום: כ׳האב אבער שוין גענוג געטרונקען. הערר שטיין!

שטיין: שאדט נישט. איך האב אויך שוין גענוג געטרונקען, כ׳בין אבער הײנט אזוי גוט געשטימט ווי זעלטען ווען, און כ׳וועל דעריבער נישט זשאלעווען קיין גלעזעל. אבער, הערט, מיינע הערען, וואס מיר איז פלוצלונג איינגעפאלען!

ברוים: וואס?

שטיין: פאר וואס זאלען מיר נישט דעם הײנטיגען טאג מאכען מאקע א יום־טוב אויף שטענדיג. כ׳מיין, וואס וואלט געווען, ווען הײנט, אין׳ם טאג פון

מײַן טאָכטער׳ס געבורטס-טאָג, וואָלט איך זי אויך פֿערלאָבט, הא וואָס זאָגט איהר ?

בלום: יאָ, דער געדאַנק איז גרויסאַרטיג, (אַפּאַרט) ער מײַנט מיך !

ברויט: דאָס איז אַ גרויסאַרטיגער פּלאַן, (אַפּאַרט) מיך מײַנט ער !

שטײַן: ס׳איז זאָגאַר נישט אַזוי גלײַך, וואָרום מיר ברעגגען זיך דאָדורך געדענגוויליג אוים אײַן גוטען טאָג אינ׳ם יאָהר, און איך האָב אַזעלכע טעג אַזוי ליעב. דאָך, וואָס געזאָגט, איז פֿערפֿאַלען, כ׳בין הײַנט זעהר גוט געשטימט, און כ׳וויל, אַז מ׳זאָל מיך האָבען צו געדענקען צו׳ם גוטען. יאָ, נאָך הײַנט בעקומט מײַן טאָכטער אַ חתן, אָבער וועמען אײַגענטליך ? (קוקט אויף בײדע)

ברויט: מיך, פֿערשטעהט זיך !

בלום: פֿערשטעהט זיך, מיך !

שטײַן: כאַפּט נישט, מײַנע העררען, דאָס לאָזט זיך נישט אַזוי לײַכט אָבמאַכען. ווער פֿון אײַך עס זאָל זײַן דער גליקליכער, מוז מײַן טאָכטער אַליין בעשטימען, נאָר אויב כ׳האָב נישט קײַן טעות, איז זי מעהר גענײַגט צו אײַך, העדר בלום !

ברויט: (אַפּאַרט) זאָל עס זײַן מעגליך ? !

בלום: זעהר גוט.

שטײַן: איך אָבער בעפֿאָרצוג קײַנעם נישט, אַזוי אַז נאָר אַ צופֿאַל קאָן מיר מאַכען געפֿעלען אײַנעם בעסער פֿאַר׳ן אַנדערן. (הויבט זיך אויף) אָבער וואו שטעקט דען דאָס מײדעל ? (רופֿט) ראָזאַ ! ראָזאַ ! זי מוז זײַן געגאַנגען אינ׳ם גאָרטען.

ברויט: (שפּרינגט אויף) איך וועל זי געהן זוכען !

בלום: (שפּרינגט אויף) איך וועל זי געהן זוכען !

שמעון: בלייבט, מיינע הערר׳ען. יאָגט איך נישט. קיינער מאָר מיט איהר פריהער נישט ריידען. און כ׳האָב אויך מורא דערפאר אלײן צו לאָזען זי זוכען. קומט, איך געה אויך מיט.

אלע: (געהען און רופען) ראָזאַ! ראָזאַ!

ראָזאַ: (פון וויטענ׳ס) דאָ בין איך, פאפא!

שמעון: אהא, זי קומט, מאָ קומט צוריק.

אלע: (געהען צוריק).

## 2-טער אויפטריט.

די פאָריגע, ראזא, (קומט שנעל אריין מיט בלומען אין די הענד.)

ראָזאַ: אָט בין איך, פאפא, דער גאָרטען איז פראכטפול. אשאָד, מיינע הערר׳ען, וואָס איהר זענט דאָרט נישט געווען. אפשר וואָלט איהר אויך דאָס זעלבע גליק געהאט וואָס איך.

אלע: וואָס פאַר אַ גליק?

ראָזאַ: כ׳האָב געפונען.

אלע: וואָס האָט איהר [האָסטו] געפונען?

ראָזאַ: אָט די בלומען, איהר זעהט!

אלע: כאַ ,,, כאַ ,,,

שמעון: יאָ דו ביזט אַ גליקליך מעדעל, דו וועסט געוויס געפינען אויך דיין אמת׳ן בעשערטען.

ראָזאַ: (גיט צו שמעקען ביידע הערר׳ען די בלומען, און שטעלט זיך אַוועק ביי ברויט׳ן)

געה נישט אוועק, דער פאפא מוז זיך היינט אלץ

דערוויסען, און אַנ׳עק זאָל עס נעהמען.

**שמײן:** זעץ דיך, ראָזא, און טרינק אביסעל ווײן. נו קום אהער, ראָזא, גיב מיר אַ קוש!

**ראָזא:** (קושט איהם) מײן גוטער, ליעבער פאָטער!

**ברוים:** (אפארט) איצט וויל זי מיט איהם געווים רײדען.

**ראָזא:** פאָפּא, איך....

**שמײן:** יאָ דו ביזט זעהר אַ גוט קינד, דו האָסט מיר נאָך קײנמאָל נישט פערשאַפט קײן עגמת נפש, און דו ווײסט דאָך שוין לאַנג, אַז כ׳האָב געוואָלט, אַז דו...

(קוקט זי דערשראָקען אָן) אָבער, ראָזא!

**ראָזא:** (פערוואונדערט) וואָס?!

**ברוים:** (דערשראָקען, אפארט) וואָס איז געשעהן?

**שמײן:** וואו האָסטו דײן מעדאַליאָן?

**ראָזא:** (ריהרט אָן דעם האלז) מײן מעדאַליאָן?

**שמײן:** יאָ, דײן מעדאַליאָן.

**ראָזא:** דאָס איז מערקווירדיג, כ׳האָב איהם ערשט פריהער, גאָר וואָס, געהאַט.

**שמײן:** אַלזאָ, האָסטו איהם פערלוירען? (שטעהט אויף בײז)

**ראָזא:** דאָס קאָן נישט זײן.

**ברוים:** איך האָב איהם ערשט פריהער, בײ׳ם עסען נאָך געזעהן.

**בלום:** מיר דאַכט זיך, אַז ווען איהר זענט אַרײנגעקומען, זענט איהר איהם נאָך געגאַנגען אויפ׳ן האלז.

**אַלע:** (געהמען זוכען איבער׳ן צימער)

**ראָזא:** כ׳קאָן עס נישט פערשטעהן!...

**שמײן:** (אויפגערעגט) איך פערשטעה עס יאָ, דו ביזט געוואָרען זעהר אונפאָרזיכטיג, וואָס אַרט דיך, טראַכטסטו זיך, דו פערלירסט עפּעס צו נישט, דײן פאָפּא איז גענוג רײך, און ער קאָן דיר קויפען אַ אַנדערען

מעדאַליאָן .

**בראָוין:** בערוהיגט אייך , הערר שטיין , ס'וועט זיך צוריקגעפינען .

**בלום:** ס'מוז זיך צוריקגעפינען . בערוהיגט אייך !

**שטיין:** ניין . ס'וועט זיך שוין מעהר נישט צוריקגעפינען . איהר ווייסט דען וואָס זי האָט פערלוירען ?

**ביידע:** געוויס . א מעדאַליאָן .

**שטיין:** יאָ , אָבער וואָס אין איהם איז געווען ?

**בראָוין:** געוויס , א בריליאַנט .

**בלום:** א דימאַנט , געוויס .

**שטיין:** ניין , נאָך עפּעס טייערעס , מיין פערשטאָרבענע פרוי'ס האָר , וואָס זענען אַזוי ענהליך צו מיינע , א , דאָס איז שרעקליך ! דאָס מיידעל האָט מיר די גאַנצע שמחה צושטערט .

**בראָוין:** אָבער הערר שטיין , דער מעדאַליאָן וועט זיך דאָך אָבזוכען , ער קאָן דאָך נישט פערשוואונדען ווערען .

**בלום:** ריכטיג , פערשווינדען קאָן ער נישט .

**שטיין:** אויב אַזוי , מוז מען איהם געהן זוכען . (אב)

**ראָזאַ:** אך , ווען מ'זאָל דעם מעדאַליאָן נישט געפינען , וועט דער פּאַפּא זיין שרעקליך בייז . ער איז זעהר א גוטער , נאָר א אויפגערעגטער .

**בלום:** בערוהיגט אייך . פרייליין , אַט געהט דער דינער פונ'ם שכנדינען פּענסיאָנאט , אפשר האָט ער איהם געפונען .

## 3'טער אויפטריט.

### די פאָריגע (אָהן שטיינ'ן) רעדער.

רעדער: גוט מאָרגען, איהר קאָנט שוין געהן. אויף טיטאַג

אַלע: האָט איהר עפּעס געפונען אויפ'ן וועג?

רעדער: וואָס?

ברויט: עפּעס אַזעלכעס, וואָס גלאַנצט.

רעדער: וואָס, אַקראַניץ, גיין, ביי אונז אינ'ם פּענסיאָנאַט. איז נישטאָ קיין קרענין.

בלום: (שרייט איהם אינ'ם אויער אריין) אויב איהר האָט נישט עפּעס געפונען, אַ מעדאַליאָן?

רעדער: וואָס, אַמוליאָן? אַפילו פאַר 10 מוליאָן וועט איהר ביי אונז אינ'ם פּענסיאָנאַט נישט בעקומען קיין קרענין.

ראָזאַ: כ'האָב פערלוירען דעם מעדאַליאָן, וואָס דער טאַטאַ האָט מיר געשענקט.

רעדער: איהר דאַרפט נישט קיין שענק, ביי אונז אינ'ם פּענסיאָנאַט קריגט מען אויך ביער.

ברויט: ער פערשטעהט נישט אַ וואָרט, וואָס מיר רעדען. כ'האָב גאָר פאַרגעסען, אַז ער איז טויב.

בלום: מ'וועט מוזען מיט איהם מיטגעהן און צוזאַמען זוכען. וואו זענט איהר אַלץ געווען, פרייליין?

ראָזאַ: וואו כ'בין געווען? פרעגט בעסער, וואו בין איך נישט געווען, כ'בין די גאַנצע זומער-וואָהנונג עטליכע מאָל דורכגעגאַנגען.

בּרויט: אויב אַזוי, איז דאָס זוכען אַ שען שטיקעל אַרבּייט. פערפאלען, מיר מוזען אָבּער געפינען דעם מעדאליאָן.

בּלום: (גיט רעדערין צו פערשטעהן אלץ אויף שטום־לשון)

רעדער: אהא, איצט פערשטעה איך. (צו ראָזאין) פריילין, ביז איצט האָבּ איך איהם נאָך נישט געפונען, נאָר בין איך נישט אַ יוד געוואָרען, אויב כ׳וועל איהם נישט געפינען. (אב)

ראָזא: כ׳גלויב אייך.

בּלום: און איך וועל העלפען זוכען. (אב)

## 4־טער אויפטריט.

בּרויט, ראָזא.

ראָזא: (צו בּרויטין, וואס וויל אויך געהן) בּלייבּ, פעליקס, איך וויל מיט דיר עפּעס רייד׳ען.

בּרויט: לעג אַוועק איצט אַוועק, און לאָמיר געהן זוכען דעם מעדאליאָן. וועסט זעהן, דער פאפא וועט נאָך בעשטימען, אז ווער ס׳וועט געפינען דעם מעדאליאָן, דער וועט זיין דיין חתן. קום לאָמיר איהם זוכען און געפינען.

ראָזא: כאַ ... כאַ ... אַ שיינע מעשה, און טאָמער געפינט איהם דער טויבער, וועט ער זיין מיין חתן ... כאַ ... כאַ ....

בּרויט: וואס לאַכסטו, ס׳קען דאָך נאָר זיין, דערווייל איז

דאָך נישט אזוי.

**ראָזא:** כאַ ... כאַ ... נו, קום שוין, (גייען אב)

## 5־טער אויפטריט.

שטיין אליין.

**שטיין:** קיינער נישטאָ, זעהר גוט, כ'האָב זיך אזוי אָבגעמאַטערט פון דעם זוכען, אז כ'וועל אָט אזוי שטעהענדיג איינשלאָפען. (וועצט זיך) שרעקליך, די האָר וועט געפינען דער רוח ווייסט דאָרט ווער. אָ, כ'וועל מיר אַלע האָר פון'ם קאָפּ אויסרייסען, שרעקליך! שרעקליך! (שלאָפט איין)

## 6־טער אויפטריט.

שטיין, ראָזא, (קומט שטיל אריין) באַלד דערנאָך ברויט און בלום.

**ראָזא:** דער פּאַפּא איז שוין דאָ, נאָר ער שלאָפט, זעהר גוט. אָך, ווען פעליקס וואָלט מאַכען געפונען דעם

מעדאַליאָן, אַ, אַט גענומען ער שוין, ער האָט איהם נישט געפונען...

**ברוים:** (קומט אריין) נישטאָ!

**ראָזאַ:** וואָס וועלען מיר איצט טהון? דער פּאַפּאַ וועט אונז דערגעהן די טעג, איבערהויפּט צו ליב דער מאַמאַ'ס האָר.

**בלום:** (קומט אריין, דערזעהענדיג זיי, בלייבט ער שטעהן אין דער מיטעל טהיר, און הערט זיך צו)

**ברוים:** אַ ווען נישט דאָס, וואָלט איך מיר שוין אַן עצה געגעבען.

**ראָזאַ:** אַזוי?

**ברוים:** יאָ, גאַנץ איינפאַך, כ'וואָלט געקויפט אַן אַנדערן מעדאַליאָן און פּטור. דער פּאַפּאַ האָט איהם זיכער געקויפט דאָ ביי אונזער שכן, דעם יוועליר, און ער האָט נאָך גענוג מעדאַליאָנען פון'ם זעלבען פאַסאָן.

**ראָזאַ:** אָבער דאָס וואָלט דאָך געווען אַ שווינדעל.

**ברוים:** אָבער, טייערע, פערגעס נישט, אַז אוים ליבע צו דיר. (קושט זי)

**ראָזאַ:** יאָ טייערער. (קושט איהם) אָבער די האָר?

**ברוים:** און דאָס איז נישט געפעהרליך.

**ראָזאַ:** וואָס הייסט?

**ברוים:** דעם פּאַפּאַ'ס האָר זענען דאָך ענליך צו דער מאַמאַ'ס ... (נעהמט ארויס אַ שערעל, און מאַכט פּאַנטאָמימיש, ווי ער וואָלט שטיינ'ן אָבגעשניטען אַ פּאה)

**ראָזאַ:** דו, גנב!

**ברוים:** שטיל! (שערט אָב די פּאה) מיר האָבען גענוג!

**ראָזאַ:** און איצט לאָמיר זיך געהן פערשאַפען דעם מעדאַ-ליאָן (אב)

**ברוים:** אפשר וועט מען איהם נאָך געפינען (אב)

## 7־טער אויפטריט.

בלום אליין.

בלום: (וואס האט זיך פריהער בעהאלטען, קוממ ארויס) כא ,,, כא ,,, זיין פלאן געפעלט מיר, וואס טהוט מען טאקע, אך, ווען איך ברענג דעם אלטען דעם מעדא-ליאן, וואלט ער מיר זיכער געגעבען זיין טאכטער, וואו האב איך אבער א שערעל? א, דער טויבער נעהמט, אפשר האט ער א שער,

## 8־טער אויפטריט.

בלום. רעדער, שטיין, (שלאפענדיג)

רעדער: נישטא!
בלום: איהר האט א שער?
רעדער: וואס פאר א בער? (אנוועזענדיג אויף שטיינ'ן) ער איז א בער?
בלום: ניין, צו האט איהר א שערל? (ווייזט איהם אויף שטום-לשון)
רעדער: יא. ל'ברענג איין באלד (אב)

## 9׳טער אויפטריט.

בלום אַליין.

בלום: און איצט שנעל צום יוועליר. דער אַלטער זאָל נאָך שלאָפען ביז כ׳וועל צוריק קומען (אב).

---

## 10׳טער אויפטריט.

רעדער (קומט אַריין).

רעדער: דאָ איז די שער, אָ ! ער איז גאָר נישטאָ. (ליינט אַוועק די שער אויפ׳ן טיש) דער אַלטער שלאָפט נאָך אַלץ, טראָג איך מיר אָב, וואָרום טאָמער כאַפט ער זיך פלוצלונג אויף פונ׳ם שלאָף, לאָזט ער אויס זיין ביטער הארץ צו מיר (אב).

---

## 11־טער אויפטריט.

בלום, שמעין, (שלאָפענדיג)

**בלום:** (אַ מעדאַליאָן מיט אַ רויטען שטיין אין דער האַנד) „אט האָב איך דעם מעדאַליאָן, וואו געהמט מען אָבער די האָר. (קוקט אויפ'ן שלאָפענדען) ער שלאָפט נאָך! און אָט ליגט די שער! (נעהמט שערען) אוי, ווי טעמפ, נישט דורכצוקלעטערן, און דאָ כאַפּט זיך דער אַלטער שוין אויף. פערפאַלען געבליבן!

**שמעין:** (פוּנ'ם שלאָף) טרינקט, מיינע העררען!

**בלום:** ב'חלום'ט זיך איהם נאָך, אַז ער זיצט ביים טיש.

**שמעין:** (פוּנ'ם שלאָף) בלום איז אַ נאַר.

**בלום:** ער האָט מיך, ווייזט אויס, נישט אזוי שטאַרק ליב.

**שמעין:** (אויפכאַפּענדיג זיך) אַ, ה' בלום, וואו זענען אַלע איבריגע?

**בלום:** זיי זוכען נאָך!

**שמעין:** זוכען, וואָס זוכען זיי? (דערמאַנט זיך) אַ, יאָ, כ'האָב שיער אינגאַנצען פערגעסען, כ'וויל אָבער מעהר נישט דערין געדענקען..

**בלום:** (קוקט איהם אָן און לאַכט).

**שמעין:** וואָס לאַכט איהר?

**בלום:** כ'לאַך פון אייער פריזירער. ער האָט אייך אָבגעשוירען, איין פאה. און די אַנדערע געלאָזט.

שמײן: וואס אַרט עס אײך?

בלום: ע, ס'איז נישט שען. איהר זײסט, וואס מיר איז אײנגעפאלען?

שמײן: וואס?

בלום: ערלויבט מיר, אז כ'זאל אײך די אנדערע פאר אויך אבשנײדען.

שמײן: וואס פאלט אײך אײן?!

בלום: איך בעט אײך...

שמײן: אבער צו וואס? כע... בע..; נו. נעהמט א שערעל און שערט זי אב.

בלום: (שערט, ס'קומט איהם אן שווער) פערטיג! (וויר די פאר בעהאלטען פאר זיך)

שמײן: גיין, די האר מוזט איהר מיר געבען.

בלום: איך האב זיך מיר גערעכענט צו נעהמען פאר אנ'אנדענקען.

שמײן: כ'וועל אײך בעסער געבען אנ'אנדער אנדענקען. (נעהמט איהם צו די האר).

בלום: אויב אזוי, וועל איך דויפען זוכען דעם מעדאליאן.

שמײן: שוין נישט נויטיג.

בלום: גיין, גיין. (אב).

## 12'טער אויפטריט.

שמײן (אליין).

שמײן: וואס לויפט ער, וואס? נו, זאל ער לויפען.

אָבער וואָס טהו איך מיט'ן ביסעל האָר ? אייגענטליך בין איך געוועזן אביסעל צו שטרענג צו ראָזא'ן, כ'האָב איהר געמאַכט צופיעל פאָרוואורפען, און זיך אליין צושטערט די גוטע שטימונג. כ'קאָן נאָך אָבער אלץ צוריק גוט מאַכען, ווארום וואָס וועט זיין, אז דער מעדאליאָן וועט צוריק זיין, איז דאָך אלץ אויס. און דער מעדאליאָן קאָן דאָך צוריק זיין. ווארום ווער זאָגט עס, אז מ'מוז איהם דורכאויס געפינען, אט קאָן איך דאָך אריינגעהן צום שכנ'רינגען יוועליר, און קויפען פונקט אזא מעדאליאָן און א סוף. הא, ניסט א גרויסארטיגער פלאַן ? יאָ, כ'געה שוין, און קויף א מעדאליאָן. און זאָלען זיי זוכען. (אב).

## 13־טער אויפטריט.

רעדער (אליין).

רעדער: אווי, ס'גאָר קיינער ניטשטאָ ? זיי זענען אוראַי אלע געגאנגען זוכען. איך וועל מיך אויך נעהמען זוכען, (זוכט אין די פלעשער און טרינקט) גאַנץ גוטער וויין, וואָס גבירים פערגינען זיך, אוי ווי ער שלעפערט אָבער איין . . . א . . . א . . . (שלאָפט איין).

## 14־טער אויפטריט.

בלום, רעדער (שלאָפענדיג).

בלום: (מיט'ן מעדאליאָן אין האַנד) אָט בין איך, ה' שטיין! זעה נאָר, ער שלאָפט נאָך אַלץ! איצט מוז איך איהם אָבשניידען אַ פּאָר האָר. אַז נישט בין איך פערלוירען (שערט איהם אָב אַ פּאָר האָר, לייגט זיי אריין אינ'ם מעדאַליאָן און געהט אב).

רעדער: (כאַפּט זיך אָן פאַרן קאָרק) און די פליגען, דעם טויט מאַכען זיי מיר! (הויבט זיך אויף) ס'איז שוין צייט צו געהן, ווער ווייס, ווי לאַנג איך בין דאָ אַזוי געשלאָפען, נו, מ'מיז שוין געהן. (נעהמט מיט אַ פלאַש. פון וועלכער ער טרינקט).

## 15־טער אויפטריט.

שטיין (אליין).

שטיין: (מיט אַ מעדאליאָן אינ'ם האַנד) אַ, פּטור, כ'האָב אַ מעדאַליאָן און אַ סוף, דער יוועליר האָט מיך אָנגעקוקט ווי משוגע. עפּעס אַ אָנגעלויף, — זאָגט ער, — הײַנט אויף די מעדאַליאָנען, אַלע ווילען

נאָר מעדאַליאָנען, און אַלע נאָר דעם פּאַסאָן, האַ, וואָס פֿאַר אַ גוטען געשמאַק איך האָב ... דאָס איז געוועזען דער לעצטער מעדאַליאָן, ער איז זאָגאַר מיט אַ גרינעם שטיין. און יענער איז געוועזען מיט אַ רויטען, נאָר אַלץ בעסער ווי גאָר נישט.

## 16'טער אויפטריט.

שטיין, ברויט, און ראָזאַ (אריינקומענד).

**ברויט:** (האַלט דעם מעדאַליאָן, אַזוי אַז שטיין זעהט איהם נישט) זעהר געעהרטער העדר ...

**ראָזאַ:** טייערער פּאַפּאַ ...

**שטיין:** אָ, ראָזאַ, דו דאַרפסט וויסען, אַז דעם מעדאַליאָן ...

**ברויט:** האָב איך געפונען! (ווייזט זיין מעדאַליאָן).

**שטיין:** (בעהאַלט זיינעם) איהר האָט איהם געפונען? (אַפּאַרט) זעהר גוט, וואָס כ'האָב מיך נישט בראַמירט.
(הויך) אָ, דאָס פרעהט מיך זעהר. יאָ, אָבער וואו בין איך געבליבען שטעהן?

**ברויט:** איהר האָט געוויס געוואָלט זאָגען אייער טאָכטער אַ פּאָר ווערטער ...

**שטיין:** יאָ, יאָ, כ'האָב איהר געוואָלט זאָגען, אַז זי איז שוין מעהר נישט קיין קינד, מ'דאַרף שוין טראַכטען וועגען ...

**ראָזאַ:** כ'האָב שוין געטראַכט ...

שטיין: נאָר געטראַכט, אָבער אויסגעקליבען האָסטו נאָך קיינעם ניט?

ראָזאַ: יאָ, טייערער פּאַפּאַ!

שטיין: אַזוי. און ווער איז ער?

ראָזאַ: ער! (ווייזט אויף ברוינ׳ן) קיין אַנדערן נעם איך ניט, איך ליעב איהם, טייערער פּאַפּאַ.

## 17טער אויפטריט.

### די פאָריגע, בלום.

בלום: (מיט אַ מעדאַליאָן אין האַנד) הערר שטיין, הערר שטיין, איך האָב דעם מעדאַליאָן!

אַלע: דעם מעדאַליאָן?

בלום: יאָ, דעם מעדאַליאָן (ווייזט איהם).

ברוין: אַ שיינע מעשה, אויס שדוך!

שטיין: נאָר רוהיג, מיינע הערען, מיר האָבען, אַלזאָ, צוויי מעדאַליאָנען, איינער איז זיכער אַ פאַלשער, ווייזט נאָר אַהער, הר׳ בלום, אייער מעדאַליאָן.

ברוין: איך בין זיך מודה, אַז "...

שטיין: קיין ווערט, איך וועל באַלד אַלץ וויסען. (בעקוקט דעם מעדאַליאָן) הר׳ בלום, און מיין פרוי׳ס האָר?

בלום: אינווייניג.

ברוין: (צו ראָזאַ׳ן) פערלירען אונזערע האָפנונגען, ליבע ראָזאַ.

ראָזאַ : (צו ברויט'ן) איך וועל זיך אָבער איינשפּאַרען , און זאָל דער פּאַפּאַ מיט איהם חתונה האָבען .

שטיין : וואָס איז דאָס ?

בלום : וואָס איז ?

שטיין : רויטע האָר ! מיין פרוי'ס האָר זענען רויט געוואָרען ? ניין , מיין הערר . דאָס איז נישט דער ריכטיגער מעדאַליאָן , איהר נעגאַרט מיך . איהר בעקומט נישט מיין טאָכטער .

ברויט : זעהט איהר שוין , אַז מיין מעדאַליאָן איז דער ריכטיגער . (גיט איהם צופעליג דעם מעדאַליאָן) .

שטיין : יאָ , כ'האָב באַלד געוואוסט , אַז איהר זענט אַנ'ערהליכער , איהר האָט טאַקע פערדיענט מיין . . . (בעקוקט דעם מעדאַליאָן) אָבער וואָס איז דאָס ?

ראָזאַ : וואָס איז שוין ווידער ?

ברויט : (צוזאַמען) אַ נייע אַנשיקעניש שוין ווידער ?

שטיין : דער שטיין איז בלוי , און יענער , געדענק איך גוט , איז געווען רויט . ניין , דאָס איז נישט דער ריכטיגער , איהר נעגאַרט מיך אויך , איהר בעקומט אויך נישט מיין טאָכטער ,

אַלע : טאָ וואו זשע איז דער מעדאַליאָן ?

שטיין : וואו ער איז ? אָט דאָ . איז ער , איך האָב איהם געפונען , און אייך מיינע העררען , האָב איך נאָר געוואָלט אויספּרובען . איהר זענט אַלע שווינדלער , אַבנאַרער , און אַזעלכע מענשען קאָן איך נישט געטרויען מיין קינד . ראָזאַ , דו דאַרפסט זיך שעצען גליקליך , וואָס דורך דעם מעדאַליאָן ביזטו געראַטעוועט געוואָרען פון אַנ'אומגליק , וואָס דו האָסט קענען נעהערט דעם כאַראַקטער פון די געמיינע , נידריגע מענשען , וואָס . . .

## 18־טער אויפטריט.

### די פֿאָריגע, רעדער.

רעדער: (קומט אריין מיט א מעדאַליאָן אינ׳ם האַנד) שוין דאָ!
שטיין: וואָס דאָ?
רעדער: דאָ!
ברויט: ווער דאָ? ס׳איז ווער געקומען, א גאַסט?
רעדער: ניין, נישט אינ׳ם גאַס, נאָר אינ׳ם גאָרטען.
אַלע: אָבער וואָס?
רעדער: האָב איך ... דעם מעדאַליאָן האָב איך געפֿונען ... אָ, דער מעדאַליאָן!
שטיין: געוואַלד, מיין קאָפּ!
ראָזא: פֿעליקס, כ׳חלש, מיין חתן! כאַ...כא. כא.
ברויט: (צוזאמען) ס׳איז מיר נישט גוט ....
בלום: א סוף, אַנ׳ אומגליק געבעך ...
רעדער: אָ, דער מעדאַליאָן! דער מעדאַליאָן! (האַלט אין דער הויך דעם מעדאַליאָן!).

## פֿאָרהאַנג.

דאס אויפפיהרונגס־רעכט ווערט געשיצט:

אין רוסלאנד: דורכ'ן רוסישען דראמאטישען און מוזי־קאלישען שריפטשטעלער־פערבאנד אין פעטערבורג.

אין פוילען: דורכ'ן יודישען ליטעראטען־און זשורנאליסטען־פעראיין אין לאדז.